אליעזר שינדלער

# פון דער אייביקער שפּע

מעשׂהלעך פון פאַרשיידענע פלעקער.

פּערצנטע זאַמלונג

פארלאג „גרינינקע ביימעלעך"

ווילנע 1938

אליעזר שינדלער

# פון דער אייביקער שפע

מעשהלעך פון פארשיידענע פלעקער.

פערצנטע זאמלונג



פארלאג „גרינינקע ביימעלעך"
ווילנע ० ० ० 1938

# די סראָקע און די קראָ.

די סראָקע האָט אַ מאָל פאַרבעטן די קראָ אויף אַ מאָלצײַט. זי איז מיט איר געפלויגן טיף אין וועלדל, צווישן שאָטנדיקע קוסטעס. און זי דאָרט אויפגעוואַרט מיט שמעקעדיקן מעך פון די טענענבײמלעך.

אָבער די קראָ האָט פון זיך געבלאָזן. איר איז ניט געפעלן געוואָרן דער קבצנישער מאכל און זי האָט געזאָגט:

—האָב ניט קיין פאַראיבל, קרובֿהטע סראָקע, אָבער דײַן כּיבוד האָט ניט קיין טעם און קיין ריח. בײַ מיר, זעסטו, איז גאָר אַנדערש. לאָמיר זשע טאָקע שוין אַ פלי טאָן צום שײַער פון דעם רײַכן פויער. די קערנער האָבן אַלע טעמען. — נאָר, פאַרשטייסטו מיך, בײַם „פּיקן"— בעת דער אכילה, הייסט דאָס — מוז מען אַ קאָפּעטשקע אַכטונג געבן.

די סראָקע איז מרוצה געוואָרן און זיי זײַנען זאַלבעצווייט אַהין געפלויגן.

קוים זײַנען זיי געקומען פאַרן שײַער, האָט די קראָ באַקומען אַ שאָס.

האָט די סראָקע זיך צעלאַכט.
— מיך האָסטו געוואָרנט, און אליין ביסטו
באַלד געשטרויכלט געוואָרן.
נאָר די קראָ האָט, נעבעך, געקרעכצט
פאַר גרויס ווייטיק, געקראַקעט איר גרוילעכן:
— אַך! אַכך! אַכך!
זינט יעמלט איז דאָס אַזוי געבליבן:
די סראָקע לאַכט און די קראָ יאָמערט איר
קלאָגעדיקן: — אַך, אַכך, אַכך!

## וואָס דאָס טייבעלע וואָרקעט?

די טויב און די הון האָבן בשותפות געהאַט
זייער נעסט.
די טויב האָט געהאַט איר אייגנס צען
אייער און די הון האָט פאַרמאָגט נאָר צוויי אייער.
איז די הון מיט גרויס כּמאות צוגעשטאַנען
צו דער טויב, אַז זי זאָל מיט איר מאַכן אַ בייט;
מיט איר געשליפן צינגל זי אַזוי לאַנג גע-

זעגט, ביז דאָס גוטע טײַבעלע איז מרוצה געװאָרן און אַװעקגעגעבן אירע צען אייער פאַר צװײ הינעראייער.

אָבער אין גיכן האָט זיך די טויב געכאַפּט, װי מיאוס די הון האָט זי אָפּגענאַרט.

ביז איופן היינטיקן טאָג באַדויערט דאָס טײַבעלע איר נאַרישקייט מיט חרטה און געיאָמער, און װי נאָר זי הייבט אויף איר קול, הערסטו באַלד איר קלאָג־געזאַנג:

גירע, גירע, גירע,
די הון האָט מיר דעם קאָפּ פאַרדרייט,
פאַר צװיי אייער איך געגעבן צען,
פאַרנאַרטערהייט.

—

# ווען און ווי אַזוי די שוואַלבן האָבן פֿאַרלאָרן זייער ווײַסע פֿאַרב?

אַ מאָל האָט דער אייבערשטער באַשאַפֿן צוויי גאָר וווּנדערלעכע פֿייגעלעך מיט בלישטשענדיק־ווײַסע פֿעדערן און צו זיי געזאָגט:

— הייסן וועט איר שוואַלבן — און אײַערע קינדער און קינדס־קינדער, אַזוי עד־סוף־כּל־הדורות, זאָלן אויסשפּרייטן מײַן ברכה אויף דער גאָרער וועלט און די מענטשן אָנזאָגן די בשורה פֿון פֿרילינג, די צײַט, וואָס ברענגט בלומען, בליטן און פּירות; די נעסטן אײַערע זאָלט איר בויען אונטער דעכער און בנינים און אַזוי זײַן דער סימן פֿון מזל־ברכה.

האָבן די שוואַלבן אויסגעשפּרייט זייערע פֿליגלען און אַראָפּגעפֿלויגן אויף דער ערד.

איז דאָ באַלד געוואָרן גאָר אַנדערש ווי פֿריִער: די קאַלטע ווינטער צײַט האָט תּיכּף אויפֿגעהערט און געקומען זײַנען שיינע ליכטיקע טעג, מיט מילדע מחיהדיקע ווינטלעך... און

אומעטום, ווי די שוואלבן האָבן זיך באוויזן, זײַנען אָפּגעטאָן געוואָרן אַלע קרענק, פּורעָניות און מַגֵיפות.

*

אזוי האָט זיך געפירט א צײַט מיט יאָרן. די מענטשן זײַנען געווען גליקלעכע און די וואונדערלעך-ווײַסע פייגעלעך האָבן זיך געפּרוכ-פּערט און געמערט.

איין מאָל האָט א שלעכטער פּאַרמָרָהשחוּרָה-טער פּאַרשוין חָרוּב געמאַכט די נעסט פון די שוועלבעלעך וואָס אונטער זײַן דאַך. אנדערע לא-יוצלָחניקעס זײַנען אויך געווען בײַ דעם דאָזיקן מיאוסן שטיקל ארבעט און געקײַכט פון גע-לעכטער, זעענדיק, ווי די צאַרטע יונגיטשקע שוועלבעלעך זײַנען אראָפּגעפאלן אויף דער ערד.

ווי דעם „אייבערשטנס פייגעלעך" האָבן געזען דאָס אכזָריות פונעם מענטשן, זײַנען זיי אין גרויסע שוואַרן צוריק ארויף צום הימל. און ווי נאָר דאָס לעצטע שוועלבעלע איז געווען אויבן, איז אויף דאָס נײַ געוואָרן ווינטער און די מענטשן האָבן באַלד דערקענט זייער אומגליק.

האָבן זיי געבעטן צום באשעפער:

— פאַר אַ זינד פון אַ יָחיד באַשטראָפסטו דעם גאַנצן כּלל?

האָט גאָט פאַרנומען זייער תּפילה און בײַ'נאַנד מיט די שוועלבעלעך איז געקומען די צײַט פון זון און ליכט.

*

זײַנען אָבער געווען עטלעכע שלעכטע נאַרישע מענטשן, וואָס האָבן מורא געהאַט, אַז די שליחים פון פרילינג וועלן סוף־כּל־סוף נאָך אַ מאָל אוועקפליִען. האָבן זיי אין אַ שטילן אויף דער נאַכט, ווען די שוואַלבן זײַנען געשלאָפן, זיי אַלעמען געכאַפּט און פאַרשפּאַרט אין אַ הויכן טורעם.

צו מאָרגנס, ווען די עלנטע שוועלבעלעך האָבן געזען, אַז זיי זײַנען געפאַנגען, האָבן זיי גענומען יאָמערלעך קלאָגן. אָנגעווייטיקטע גע־קלאַפּט מיט זייערע פליגלען און שנאָבלען; געשטורעמט די תּפיסה־ווענט כּדי ווידער צו דערגרייכן זייער פרײַהייט.

איז געשען נאָך אַ גרויסער אומגליק.

*

די היטער, וואָס האָבן געזאָלט כּסדר באַוואַכן דעם טורעם, זײַנען געוואָרן מיד און דער

גאַנצער עסק איז זיי שוין געווען נימאָס און נודנע. האָבן זיי בײַ די געפאַנגענע פייגעלעך אויסגעריסן די פליפעדערן.

איז צווישן די שוועלבעלעך אַנטשטאַנען א ילדה און א געוויין, זעענדיק, ווי זייערע בלישטשענדיק-ווײַסע פעדערלעך פליִען אַראָפּ פון טורעם און נידערן אַלץ טיפער און טיפער...

אָבער די וועכטער האָבן זיך געקאַטשעט פון געלעכטער.

זײַנען אין דער דאָזיקער רגע פון די בלי-שטשענדיקע קלאָר-ווײַסע פעדערלעך געוואָרן ווײַסע געדיכטע פלעקעלעך, וואָס האָבן אין דער גיך אײַנגעהילט די וועכטער.

נאָך דעם האָט זיך א צפון-ווינט צעהוליעט. בלומען און גראָזן זײַנען באַלד פאַרוויאַנעט געוואָרן. איידער האָס און חען זײַנען די ביימער שוין געווען נאַקעט, אָן א בלעטל. די גרודיקע פעלדער, די גאַנצע ערד איז געוואָרן האַרט און געפרוירן... און די מענטשן, באַדעקט מיט פעלכטן, שהערן שניי, זײַנען דערשראָקענע אַנטלאָפן אין זייערע שטובן.

פלוצים האָט אויסגעבראָכן א מוֹרָאדיקער הוראגאן און גענומען רײַסן ארום טורעם און אים צעשפּאָלטן. אזוי ווי בײַ די שוועלבעלעך זײַנען ווידער אָנגעוואַקסן נײַע פעדערן, זײַנען זיי גיכע ארויפגעפלויגן צום הימל.

*

האָבן די געשטראָפטע מענטשן צום צווייטן מאָל געבעטן צום אייבערשטן: ער זאָל זיך דער־בארעמען.

האָט ער רַחמָנות געהאט און זיי פארגעבן די זינד.

אָבער פון יעמלט אָן טאָרן די שוואַלבן צווישן זיי ניט לענגער פארווײַלן ווי זעקס חַדָשים.

און צום טרויעריקן געדענקעניש פון די מענטשנס רישעוֹת זײַנען די פעדערן פון די שוועלבעלעך דעמלט פארביטן געוואָרן אויף א שווארצן קאָליר.

# די אמזל און די סראָקע.

די אמזל, וואָס האָט גאָר אין אָנהייב געהאַט בלישטשענדיק-וויַסע פעדערלעך, איז אַ מאָל געזעסן אַ שטילע און אַ באַהאַלטענע צווישן קשאַקעס. פּלוצים דערזעט זי אַ פאַרוואונדערטע, ווי די סראָקע ליגט אַרײַן אין אַן אויסגעהוילטן בוים גאָר געקליבענע צירונג: פּערל, דימענטן און אַ סך רענדלעך.

איז די אמזל אַפּיר פון איר באַהעלטעניש, זיך געוויזן פאַר דער סראָקע און בײַ איר גע-פרעגט:

— ווי אַזוי קען מען קומען צו אַזאַ מין עשירות?

דער סראָקע איז זייער ניט ניחא געווען, וואָס איר סוד איז אַנטפּלעקט געוואָרן פאַר אַ פרעמדן. באַין-ברֵירָה געמוזט אָבער אַלץ דער-ציילן. זי האָט צו דער אמזל אַזוי געזאָגט:

— גיי צום בֶּן-מֶלֶך, וואָס ער איז געזעצט איבער אַלע אוצרות, וואָס ווינט אין די טיפע-נישן פון דער ערד, און זאָג, אַז דו ווע סט אים דינען אַ געטרײַע. וועט ער דיר געבן רשות צו נעמען פון דער שֶפע, וויפל דו וועסט קענען

טראָגן מיט דײַן שנאָבל. דער וועג דאָרט צו היינצו פירט דורך אַ גרויסער צאָל הײלן, איינע פּרעכטיקער פון דער אַנדערער. אָבער למַען־השם זײַ געוואָרנט ניט צו נעמען פון קיין שום זאַך, ביז דו וועסט ניט פריִער ריידן מיט דעם בֶּן־מֶלֶך, דעם איינציקן ממוּנֶה איבער די פאַר־באָרגענע אוצרות.

*

איז די אַמזל אַוועק צו דעם אָרט, ווי די סראָקע האָט איר אָנגעצייכנט. און געפונען דאָרט אַ צוטריט צו אַן אונטערערדיקן וועג און אַ גע־וואָגטע אַרײַן.

געקומען אין דער ערשטער הײל, האָט דאָרט אַלץ געפֿליאַסקעט און געבלענדט פון לויטער זילבער.

אָבער די אַמזל האָט זיך באַלד דערמאָנט אָן דער עֵצָה פון דער סראָקע און קיין שום חֵפֶץ ניט אָנגערירט. נאָר באַטראַכט אַלץ און זיך געלאָזט גיין ווײַטער.

באַלד געקומען אין אַ צווייטער הײל, אַן אָנגעשטאָפּטע מיט גינגאָלד.

דאָס מאָל איז דער נִסָיון פאַר דער אַמזל געווען נאָך אַ שווערערער און זי האָט איר שנאָ־

בעלע אַרײַנגעגראָבן אין דעם גאָלדענעם שטויב,
וואָס האָט באַדעקט דעם ברוק פון דער הייל.

אין דער אײגענער רגע איז געוואָרן אַ
מוראַדיקער שטורעם. ס׳האָט זיך באַוויזן אַן
אויסטערליש באַשעפעניש און גענומען שפּײַען
מיט רויך און מיט פײַער און זיך שויז געוואָלט
וואַרפן אויף דער אָרעמער אַמזל.

אַ דערשראָקענע איז זי אַנטלאָפן און קוים
מיט נסים אַנטרונען פון דעם טיפן אָפּגרונט.

אַ זכר איז איר אָבער געבליבן: פון דעם
געדיכטן רויך, וואָס די משונהדיקע חיה האָט
אויף איר אַרויפגעבלאָזן, זײַנען אירע ווײַסע
פעדערלעך פאַרטונקלט געוואָרן, און זינט יעמלט
איז די אַמזל אַ שוואַרצינקע. נאָר איר שנעבעלע
האָט אַ גילדענע פאַרב. טאַקע פון יענעם גאָלד,
וואָס זי האָט חשק געהאַט צו גנבענען אין דער
הייל.

און אַפילו ביז אויפן הײַנטיקן טאָג, אַז מע
דערנענטערט זיך פּלוצים צו דער אַמזל, לאָזט זי
פאַר גרויס שרעק אַרויס אַ יאָמערדיקן געשריי,
ווי זי וואָלט מורא האָבן ווידער צו באַגעגענען
יענע שוואַרצע אויסטערלישע חיה.

# ווען און ווי אַזוי דער מוילוואָרף איז באַשאַפן געוואָרן?

א רײַכער און אַן אָרעמער פּויער האָבן אַ מאָל געהאַט בשותּפות אַ שטיק פעלד און אײַן אײן צײַט דאָס באַזייט מיט דעם זעלבן מין זאָמען. גאָט האָט אָבער געבענטשט די אַרבעט פונעם אָרעמען. זײַן זאָמען איז אַרויס זייער געראָטן און דאָס גערעטעניש בײַם רײַכן איז געווען אַ שלעכטע.

האָט דער רײַכער פאַר גרויס קינאָה געוואָלט האָבן דאָס פעטע שטיק פעלד.

האָט ער צו דעם אָרעמען אַזוי געזאָגט:

— גיב אַ קוק, מײַן זאָמען איז געראָטן אין דײַנער גאָרניט!

האָט דער אָרעמער זיך געוועהרט.

נאָר דער רײַכער האָט זיך געהאַלטן בײַ דאָס זײַניקע און געטענהט:

— אויב דו ווילסט מיר דווקא ניט גלויבן, קום זשע מאָרגן פאַר טאָג אַרויס אויפן פעלד און גאָט זאָל מישפּטן צווישן אונדז!

דער אָרעמער פּויער איז אַוועק אַהיים. דערנאָך איז דער רײַכער אַרויף אויף דעם פעלד פונעם אָרעמען. דאָרט אויסגעגראָבן אַ טיפע גרוב, אַהינצו אַרײַנגעזעצט זײַן זון און צו אים אַזוי געזאָגט:

— הער זיך אײַן! מאָרגן אין דער פרי אַז איך וועל דאָ אַהער קומען און פרעגן: צו וועמען געהער די דאָזיקע נַחלָה? — זאָלסטו ענטפערן אויפן קול:

—די דאָזיקע נַחלָה געהערניט צום אָרעמען, נאָר צום רײַכן!

נאָך די אַ רייד האָט דער רײַכער צוגע-דעקט די גרוב מיט שטרוי און זיך געלאָזט אַהיים.

צו מאָרגנס גאַנץ פרי איז דער גאַנצער הַמון אַרויס אויפן פעלד.

דער רײַכער האָט תּיכּף גענומען שרײַען:

— זאָג, גאָט, צו וועמען געהערט דאָס דאָ-זיקע פעלד, צום רײַכן אָדער צום אָרעמען?

— צום רײַכן! צום רײַכן! — האָט געהילכט אַ קול אין מיטן פעלד.

אָבער גאָט אַליין איז געווען צווישן דעם פאַרוואַמלטן כאַלק—און ער האָט געזאָגט:

— הערט ניט יענעם קול, וואָרום דאָס פעלד געהערט טאַקע באמת צום אָרעמען!

און ער האָט דעם עולם געגעבן צו פאַר־שטיין, ווי דאָס איז געשען. דערנאָך איז ער צו־געגאַנגען צו דער גרוב און דעם זון פון דעם רײַכן פאַרשאָלטן מיט אַזאַ אַ קללה:

— זאָלסט בלײַבן, ווי דו ביסט, און דײַן גאַנץ לעבן פאַרברענגען אונטער דער ערד, אַזוי לאַנג ווי די זון וועט שײַנען איבערן הימל!

פונעם רײַכנס זון איז גיך געוואָרן אַ מויל־וואָרף. און דאָס איז טאַקע די סיבה, וואָס דער מוילוואָרף ציטערט אַזוי פאַר דער ליכטיקער שײַן!

# פאַר וואָס ציטערעקל האָט באַקומען זײַן נאָמען

**א** מאָל, גאָר אַ מאָל, אויף גענוי געדענק איך ניט, ווען דאָס איז געשען, האָבן די פייגל אָנגעזאָגט אַ מלחמה צו די שרצים.

ווען דער ערשטער געראַנגל האָט זיך גע־זאָלט אָנהייבן, איז ציטערעקל געשטאַנען אין דער גאָר פּאַרנטיקער שורה און איידער דעם בלוטיקן געשלעג זיך אין דער גיך נאָך אַ מאָל אומגעקוקט. טשעקאַוועדיג געווען צו זען, ווי גרויס ס׳איז דאָס חיל פֿון די איריקע. נאָר אַ בראָך און אַ צרה! אַלע אירע מיטקעמפער זײַנען געווען אַ סך מינער אין צאָל ווי די שונאים. האָט כּאַר גרויס פּחד איר דאָס הערצעלע גענומען קלאַפּן, אַזש דאָס עקעלע האָט געטאָן ציטערן און זיך געטרייסלט אַרויף און אַראָפּ.

הגם די פייגל האָבן יעמאָלט די מילחמה געוווּנען און געיום־טובט אַ גאָר גרויסן ניצחון, געדענקט אָבער ציטערעקל נאָך אַלץ יענעם סכּנותדיקן טאָג, און דער דעמאָלטיקער פּחד ליגט איר נאָך עד־היום אין די ביינדעלעך. בפֿרט דאַן, ווען עס לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד, פֿאַלט אַלע מאָל די אַלטע מורא אויף דעם קליינעם פייגעלע און מע קען זען, ווי זײַן עקעלע שאָקלט זיך אַרויף און אַראָפּ.

# דער חלום פון אַ הויזירער.

אין די אַלטע צײַטן, יעמאָלט ווען אויף דער לאָנדאָנער בריק איז נאָך געשטאַנען איין קליינטל לעבן צווייטן און אונטער די בריק־אַרקעס איז נאָך גאַנץ היימישלעך אַרומגעשוווּמען דער לאַקס, האָט אין אַ שטעטל מיטן נאָמען: סוואַפּהעם, וואָס ערגעץ אין דער געגנט פון נאָרפאָלק, גע־לעבט אַן אָרעמער הויזירער.

דאָס שטיקל פּרנסה איז אים אָנגעקומען שווער און ביטער. בצימצום האָט ער געהאַט אויף חיונה. מיטן בינטל אויף די פּלייצעס, באַ־לייט פון זײַן הונט, איז ער אַ גאַנצן טאָג אַרומ־געקראָכן פון הויף צו הויף, פון ישוב צו ישוב. פאַרנאַכט, געקומען אַהיים אַ צעבראָכענער, איז ער געווען צופרידן, ווען ער איז שוין געלעגן אויף זײַן מקום־מנוחה און זיך אויסגערוט זײַנע ביינער.

*

איין מאָל, ווען ער איז אַזוי געלעגן, האָט זיך אים געחלומט אַ חלום:

ער זעט באַשיימפּערלעך די גרויסע בריק

פון דער שטאָט לאָנדאָן און הערט א קול, װאָס זאָגט אים נאָך בפירוש, אַז אויב ער װעט דאָ אַהער קומען, װעט ער געװאָר װערן פון א בשׂורה טובֿה.

האָט ער אויף דעם דאָזיקן חלום קיין שום אַכט ניט געלייגט.

אָבער אין דער קומענדיקער נאַכט און אין דער דריטער נאַכט האָט ער װידער געהאַט דעם אייגענעם חלום.

האָט ער זיך געטראַכט:

— װאָס װעל איך דאָ אײַנשטעלן? לאָמיך זען, װאָס פון די חלומות װעט װערן!

און זיך געלאָזט קיין לאָנדאָן.

*

ס'איז געװען אַ מהלך רבֿ און דער הויזירער איז געװען צופרידן, װאָס ער איז בשלום אָנגעקומען אין דער רעזידענץ־שטאָט. שטייענדיק אויף דער בריק, האָט ער מיט גרויס פאַרװוּנדער געקוקט אויף די שטאָלצע בנינים רעכטס און לינקס און אויף די שיפן, װאָס האָבן געזעגלט אויפן װאַסער.

איז ער א גאנצן טאָג געגאנגען אויף און אָפּ אויף דער בריק, אָבער ניט באַמערקט קיין שום סימן, וואָס זאָל אין אים דערוועקן א שטיקל האָפענונג.

צו מאָרגנס ווידער ארויס כּעלות, געדרייט זיך אויף דער בריק, געקוקט אויף אַלע זייטן און ווידער גאָרנישט ניט געזען, גאָרנישט ניט געהערט.

דעם דריטן טאָג, ווען ער איז ווידער גע־גאנגען א פּארטראַכטער אויף דער בריק, איז פון א קליינער ארויס א סוחר און צו אים א זאָג געטאָן:

— רבֿ קרובֿ! וואָס דרייט איר זיך דאָ אזוי ארום ווי א בּטלן? האָט איר גאָר ניט קיין סחורה צו פארקויפן?

— ניין, איך האָב גאָרניט צו פארקויפן — האָט דער הויזירער געענטפערט.

זאָגט דער סוחר:

— הייסט דאָס, אז איר בעט נדבות פון די פארבייגייער?

— כּל זמן איך קען מיר פארדינען מיין שטיקל ברויט, וויל איך ניט בעטלען.

— איז צוליב וואָס־זשע דרייט איר זיך דאָ אַרום שוין דעם דריטן טאָג?

— איך וועל אײַך דערציילן דעם ריינעם אמת, מײַן ליבער האַר! מיר האָט זיך געחלומט: אַז איך וועל דאָ אַהער קומען, וועל איך הערן אַ גאָר וויכטיקע בשׂורה.

האָט דער סוחר זיך הילכיק צעלאַכט:

— זײַט מיר מוחל, רבֿ קרובֿ, אָבער איר זײַט אַ גרויסער שוטה. וועגן אַזאַ שטות פּטרט איר צײַט און מאַכט אַ ווײַטן וועג? הערט זיך אײַן, איר אָרעמער דאָרפֿישער לא־יוצלח. מיר חלומען זיך נאַכט בײַ נאַכט אַ פֿולע חלומות. די פֿאַרגאַנגענע נאַכט, למשל, האָט זיך מיר געחלומט, אַז איך בין פּלוצים ערגעץ אין אַ טויבן העק מיטן נאָמען סוופּאַהעם. איך קען דאָס דאָזיקע דערפֿל גאָרניט, בין נאָך דאָרט קיין מאָל ניט געווען. נאָר אויב מײַן זיכּרון נאַרט מיך ניט, ליגט דאָס דאָזיקע מקום אין דער געגנט פֿון נאָרפּאָלק. איך שטיי דאָרט אין אַ סאָד, וואָס לעבן הײַזל פֿון אַן אָרעמען הויזירער, און דערנענטער זיך צו אַ גרויסן דעמב. דערנאָך דוכט מיר, אַז אויב איך וואָלט גענומען גראָבן

אונטערן דאָזיקן בוים, האָלט איך געפונען א ריזיקן אוצר. נו, איז מיינט איר, אַז איך בין אזא נאַר און וועל וועגן דעם דאָזיקן פוסטן חלום אונטערנעמען א ווייטע שווערע נסיעה? ניין, ליבהאַרציקער! לערנט פון עמעצן, וואָס איז קליגער פון אײַך. גייט געזונטערהייט צוריק אַהיים און נעמט זיך ווידער צו אײַער שטענדיקן משא-ומתן.

ווי דער הויזירער האָט געהערט די רייד פונעם סוחר, האָט ער דערויף גאָרנישט ניט געענטפערט, נייערט מיט א שטילער פרייד זיך געלאָזט אין וועג אַרײַן.

געקומען אַהיים, האָט ער גענומען גראָבן אונטערן דעמב וואָס אין זײַן סאָד; האָט ער דאָרט טאַקע געפונען א מטמון מיט גאָלד.

אַזוי פּלוצים איז ער געוואָרן א גביר עצום. אָבער דאָס עשירות האָט אים ניט געבראַכט צו קאַרגשאַפט. ער האָט געלאָזט באַנײַען די קירך וואָס אין סוואַפהעם און געטאָן פיל גוטס.

און ווען ער איז געשטאָרבן, האָבן די בני-עיר זײַנע אים געלאָזט אויפשטעלן א דענקמאָל.

אַן אָפּבּילד, ווי ער שטייט מיט זײַן הויזירבּינטל
און מיט זײַן באַלייטער, דעם הונט.

ביז אויפן הײַנטיקן טאָג שטייט דאָס דאָזיקע
געדענקמאָל — אַ ראָיה, אַז איך דערצייל אײַך דאָ
נישט עפּעס גלאַט - אַן אויסגעטראַכטע מעשׂה.

# ווען און ווי אַזוי דער זשוק איז באַשאַפן געוואָרן?

**א** מאָל איז געווען אַן אַלמנה. האָט זי גע-
געהאַט אַ זעלטן שיינע טאָכטער. איז זי אָבער
געווען אויסטערליש פויל.

די מוטער האָט איר ליכטיקע בת-יחידה
זייער ליב געהאַט, נאָר די פוילקייט פון דעם
קינד האָט איר דאָס לעבן פאַרביטערט.

איין מאָל אין דער פרי האָט די מוטער גע-
דאַרפט גיין אין פעלד צו דער אַרבעט און גע-
בעטן די טאָכטער, זי זאָל אויפראַמען די שטוב
און אויסקערן דעם הויף.

די טאָכטער האָט אָבער די מוטער ניט געפאָלגט, נײַערט געבליבן ליגן אין בעט און אויפגעשטאַנען ערשט, ווען די מוטער איז אהיים געקומען.

ווען די מוטער האָט געזען, אַז איר טאָכטער האָט נאָך גאָרניט געטאָן און אַז ערשט איצט הייבט זי אָן צונויפצושאַרן דעם מיסט מיט די פיס, איז זי זייער בייז געוואָרן און געזאָגט:

— זײַן ליבער נאָמען האָט דיר געגעבן הענט צום אַרבעטן. דו אָבער אין דײַן מיאוסער פוילקייט קערסט צונויף דעם מיסט מיט די פיס. זאָל זשע דערפאַר דיך גאָט שטראָפן, אַז דו זאָלסט טאָג און נאַכט מוזן אַרבעטן מיט די פיסן.

ווי נאָר די אַלמנה האָט אַרויסגעזאָגט די דאָזיקע קללה, איז פון דעם וווּנדערלעך־שיינעם מיידל געוואָרן אַ פעטער מיאוסער זשוק, וואָס טאָג און נאַכט שלעפּט ער מיסט מיט זײַנע פיס.

# ווען און ווי אַזוי דער מאָרגנשטערן איז באַשאַפן געוואָרן?

ערגעצווו אויף דער וועלט, זיבן מאָל זיבן מדינות ווײַט פון דאַנעט, פאַרוואָרפן אויף יענער זײַט פונעם ים־הגדול האָט געקיניגט אַן אַלטער מלך.

האָט דער מלך געהאַט אַ זון אַ בן־יחיד און אים געוואָלט חתונה־מאַכן.

דער יונגער בן־מלך איז אַוועק אין מרחקים זוכן זיך אַ שיינע כּלה. איז ער אויסגעווען אַ וועלט, געגאַנגען פון איין קיניגלעכן פּאַלאַץ צום אַנדערן. אָבער פון די אַלע מיידלעך האָט קיין איינציקע ניט נושׂא חן געווען אין זײַנע אויגן.

איז ער געווען זייער פאַרזאָרגט. געוווסט, אַז איצטער וועט ער שוין באַין־בּרירה מוזן נאָכגעבן דעם ווילן פון זײַנע עלטערן און חתונה האָבן פאַר דער בּת־מלכּה פון זײַנעם אַ שכנישן מלך, אַן אַלטער מיאוסער מויד, אַ פּגע־רע און אַ קאַליקע.

*

ווי דער בן־מלך איז אזוי געגאנגען אין געהאקטע צרות, באגעגנט אים א זקן, א גרויז־גראָער, מיט אן איידעלן הדרת־פּנים.

וויל דער אלטיטשקער וויסן, פאר וואָס דער בן־מלך, אזא יונגער, שיינער און באַחנטער, איז אזוי פאראומערט און פארזאָרגט.

ענטפערט דער בן־מלך: אז זיין צער איז גרויס און קיין הילף איז ניטאָ.

נעמט דער זקן אים טרייסטן און זאָגט:

— הער זיך איין, דו שיינער, באַחנטער בן־מלך. איך וועל דיך ארויסהעלפן פון דער שווע־רער לאגע. גיי אהיים, זע צוצוגרייטן א שיף. און ווייטער פאלאָז זיך אין גאנצן אויף מיר.

איז דער בן־מלך מרוצה געוואָרן, געלאָזט צוגרייטן א שיף.

ווען אלץ איז געווען פארטיק, האָבן זיי זיך ארייננגעזעצט צוזאמען מיטן זקן און אוועק אויפן וואסער.

פארביייגעפאָרן די זיבן מאָל זיבן מדינות, זיך אָפּגעשטעלט פאר א וווּנדערלעכער זיידענער בריק מיט א הויכן גאָרן.

דאָ האָט דער אַלטיטשקער זיך געווענדעט צום בן־מלך אַזוי צו זאָגן:

— שיינער, באַחנטער בן־מלך! אין דער דאָזיקער שטאָט, אויף יענער זײַט בריק, וווינט אַ קופּער־קיניג. האָט ער אַ טאָכטער, אַ וועלט־באַוווּסטע יפֿת־תּואַר. יעדן אין דער פֿרי, אַזוי ווי זײַן ליבער נאָמען גיט דעם טאָג, קומען דאָ אַהער די דינסטן פֿונעם מלך צו שעפּן וואַסער פֿאַר דער אויסטערלישׂ שיינער בתולה. וועלן מיר זיך אָט־אָ־דאָ אָפּשטעלן. פֿון דער שיף וועט ווערן אַ וווּנדערלעך געצעלט פֿון זילבער און גינגאָלד, זײַד און סאַמעט. אין דער מיט וועט שטיין אַ טיש פֿון איידלשטיינער, באַהאַנגען פֿון גאָלדענע, זילבערנע און דימענטענע מלבושים, און דו וועסט אויסרופֿן צו פֿאַרקויפֿן די דאָזיקע טײַערקייטן.

וועלן קומען די מיידן פֿונעם פּאַלאַץ באַ־וווּנדערן די פּרעכטיקע קליידער און וועגן דעם דערציילן צו דער שיינער בת־מלכּה. אָבער ווען די יפֿת־תּואַר גופֿא וועט קומען און זיך אָפּשטעלן בײַם טיש צו באַטראַכטן די קאָסטבאַרע

גערוען, זאָלסטו זי אַרומנעמען און קושן און צו איר זאָגן:

— איך בין דײַן, דו ביסט מײַן און מײַ באַשערטע זאָלסטו זײַן!

*

ווי נאָר דער בן־מלך איז אַראָפּ פון דער שיף, איז פון איר געוואָרן אַ געצעלט, באַהאַנגען מיט די ליכטיקסטע מלבושים און שיכלעך. און קוים איז די בת־מלכה געוואָר געוואָרן, אַז פאַר דער בריק שטייט אַ יונגער בחור, אַ סוחר און האָט צו פאַרקויפן די שענסטע טײַערקייטן, איז זי תיכּף געקומען זיך עפּעס אויסזוכן. אָבער באַלד ווי זי איז געשטאַנען בײַם טיש, האָט זי אין דער זעלביקער רגע געפילט אויף איר פּנים אַ קוש. כהרף־עין איז פון דעם געצעלט געוואָרן אַ שיף, וואָס איז, פון ווינטן געטריבן, גיך אַוועקגעשוווּמען אין דער פרעמדער ווײַטקייט.

און אין פּאַלאַץ האָט פלוצים געפעלט די טאָכטער פונעם קופּער־קיניג.

*

אזוי ווי דאָס געשעעניש איז שוין געווען פאַרפאַלן, האָט די בת־מלכה זיך קיין סך ניט געקרענקט און גאָר באַלד גענומען אפילו זיך

פרייען מיט איר גורל. וואָרום זי האָט דעם יונגן שיינעם בן־מלך גאָר שטאַרק ליב באַקומען.

איז אויף דער שיף געווען שימחה ושׂשון, ווייל דער בן־מלך האָט דאָס מיידל ליב געהאַט אַהֲבַת־נֶפֶש. האָבן זיי געגעסן און געטרונקען און זיך געפרייט מיט זייער גליק.

אָבער זייער פּריינד דער אַלטיטשקער האָט גאָר ניט פאַרזוכט פון די גוטע עסנס און גע־טראַנקען, נייערט געזעסן אין דרויסן, סיי אין רעגן, סיי אין קעלט און שטורעמווינטן. און מיט גרויס זאָרגעוודיקייט אַכטונג געגעבן אויף דער שיף און אויף דעם יונגן פּאָר־פאָלק.

*

איין מאָל, בֵּין הַשמָשות, האָבן אָראָפּגעני־דערט אויף דער שיף דריי שוואַנען און דער קלענסטער צווישן זיי האָט אַ זיפץ געטאָן:

— צוויי ווונדערלעכע נפשות זיינען אויף דער דאָזיקער שיף. אָבער וואָס וועט זיי העלפן שיינ־קייט און חֵן? ווי נאָר זיי וועלן אָנקומען צום היימישן ברעג, וועלן די עלטערן פונעם בן־מלך אקעגן שיקן אַ קיניגלעכן וואָגן. דער

דאָזיקער וואָגן וועט זײַן אָנגעהאַרטעוועט מיט שאַרפֿן סַם, און אַזוי ווי דאָס פֿאָר-פֿאָלק וועט זיך אַרײַנזעצן אינעם וואָגן, וועלן זיי אומקומען אויף אַ שרעקלעכן אופֿן. טאָמער הערט דאָס עמעץ און וועט זיי וואָרענען, וועט דער דאָזיקער פֿאַרשטיינערט ווערן פֿון די זוילן ביז צו די קני!

זײַנען ווידער אַריבער עטלעכע טעג. דאָס פֿאָר-פֿאָלק האָט זיך ווײַטער געפֿרייט, געגעסן און געטרונקען. אָבער דער אַלטיטשקער האָט ניט טועם געווען קיין שום זאַך. נאָר געשטאַנען אין דרויסן, געשטייערט די שיף אָן אָפּרו אין קעלט און רעגן.

*

אַ מאָל פֿאַר נאַכט האָבן זיך ווידער אַראָפּ-געלאָזט אויף דער שיף דרײַ שיינע שוואַנען און דער מיטלסטער צווישן זיי האָט אַ זאָג געטאָן:

— רבונו-של-עולם! וואָסערע שיינע גליק-לעכע צוויי מענטשן געפֿינען זיך אויף דער דאָ-זיקער שיף! אָבער וואָס וועט זיי דאָס נוצן? קוים וועלן זיי אָנקומען, וועט דער מלך זיי אָקעגן שיקן מַלכותדיקע מַלבושים, וועלן זיי זײַן אויפֿגענייט מיט אַ סַכָּנותדיקן סם. און ווי

נאָר זיי וועלן אָנטאָן די מַלבּושים, וועט זיי אָרומ־נעמען אַ פֿײַער און זיי פֿאַרבּרענען אויף קויל. דער וואָס וועט דאָס הערן און פּרוּוון זיי וואָ־רענען, וועט תּיכּף פֿאַרשטיינערט ווערן בּיז צום גאַרטל.

נאָך די רייד זײַנען די שוואַנען אַוועקגע־פֿלויגן.

און ווידער איז אַריבּער אַ צײַט. דאָס שיף איז געפֿאָרן צו ווײַטער און ווײַטער.

דער שיינער בּן־מלך מיט דער נאָך וווּנדער־לעכער בּת־מלכּה האָבּן געגעסן און געטרונקען און געקוואַלן פֿאַר גליק און פֿרייד.

אָבּער דער זקן האָט ניט געגעסן און ניט געטרונקען, נײַערט געשטאַנען אין דרויסן און געשטייערט דאָס שיף סײַ אין היצן, סײַ אין קעלטן.

•

אַ מאָל, ווען די זון האָט זיך געזעצט, זײַנען ווידער אַראָפּגעפֿלויגן אויפֿן שיף דרײַ שוואַנען און דער גרעסטער צווישן זיי האָט געזאָגט:

— וואָסער שיין און בּאַחנט פּאָרל איז אויפֿן דאָזיקן שיף! אָבּער דאָס וועט זיי ווינציק וואָס

העלפֿן. אפֿילו זיי זאָלן שוין אָן שאָדן אָנקומען
אין קיניגלעכן פּאַלאַץ און זיך לייגן שלאָפֿן אויף
זייער געלעגער, וואָס אין גראָען מירמלפּאַלאַץ,
וועט אַרום חצות אָנקומען דער זיבנקעפּיקער
דראַך און זיי דערהרגענען, דערשטיקן מיט זײַנע
שוועבלפֿלאַמען. איבער עמעץ הערט מײַנע רייד
און וועט זיי דערציילן צו אַנדערע, וועט פֿון אים
ווערן אַ שטיינערנע זײַל.

אָנגעזאָגט די בשׂורה, זײַנען די שוואַנען
אַוועקגעפֿלויגן.

*

צו מאָרגנס, ווען דאָס שיף האָט געזילבערט
אין גלאַנץ פֿון דער זריחה, איז דער אַלטיטשקער
אַוועק צום בן־מלך און צו אים געזאָגט:

— אַז מיר וועלן אַהיים קומען, וועל איך
דרײַ מאָל טאָן אַזוינס, וואָס אין פּלוג וועט זיך
דיר דוכטן, אַז דאָס זײַנען שרעקלעכע פֿאַר־
ברעכערישע מעשׂים. אָבער גיב מיר תּקיעת־כּף,
אַז דו וועסט מיר מוחל זײַן און בײַ מיר קיין
שום קשיות ניט פֿרעגן.

— דאָ האָסטו מײַן האַנט, ליבהאַרציקער
זיידע און געטרײַער באַשיצער! האָס דו זאָלסט

ניט טאָן, בין איך דיר שוין פריערויס מיטן גאנצן הארצן מוחל — האָט דער בן־מלך גע־ענטפערט.

די נסיעה איז געווען אָן שום מניעות. ווי זיי זײַנען אראָפּ אויפן בּאָרטן, האָט דער מלך פאר זײַן זון מיט דער כּלה אקעגן געשיקט א מלכותדיקן וואָגן צוגעפּאסט פון גאָלע דימענטן. דער אלטיטשקער איז אָבער גיך צוגעשפרונגען, גענומען זײַן בּריגן און מיט א פּײַל אדורכגעשטאָכן דעם וואָגן. איז ער כּהרף־עין פונאנדערגעפאלן. פלאמען האָבּן זיך ארויסגעריסן פון זײַנע שטיקער און פארבּרענט דעם קוטשער צוזאמען מיט די פערד.

מיט גרויס פארוווּנדער האָט דער בּן־מלך געפרעגט:

„טײַערער זיידע, געטרײַער בּאשיצער! פאר וואָס האָסטו דאָס געטאָן?

דערויף האָט דער אלטיטשקער געענטפערט:

— איך האָבּ מיט דיר אָפּגעמאכט, אז איך וועל מעגן אויספירן דרײַ פארבּרעכנס און דו האָסט מיר געגעבּן דײַן האנט, אז דו וועסט מיר זיי מוחל זײַן.

האָט דער בּן־מלך געשוויגן.

*

זײַנען באַדינער געקומען, געבראַכט צו טראָגן די מלכותדיקע מלבושים פאַר דעם חתן מיט דער כּלה.

איז דער זקן גיך אַהינצו און מיט זײַן פּײַל דורכגעלעכערט די קליידער.

האָבן זיך פלאַמען אַרויסגעצינגלט און פון די טײַערע געװעבן איז געבליבן אַ הויפן אַש.

דער בן־מלך האָט װידער געװאָלט װיסן, פאַר װאָס דער געטרײַער זיידע און באַשיצער האָט אָנגעמאַכט אַזאַ שאָדן. אָבער דעם אַלטנס ענטפער איז װידער געװען דער אייגענער:

— איך האָב בײַ דיר גענומען רשות אויס־צופירן דרײַ פאַרברעכנס און דו האָסט מיר צו־געזאָגט זיי מיר צו פאַרגעבן.

זײַנען זיי זאַלבעדריט געקומען אין קיניג־לעכן פּאַלאַץ.

*

שטילערהייט האָט אײנעם מלך און אין דער מלכּה געפּלאַקערט אַ מוראַדיקער צאָרן. זיי זײַנען געװען מלא־חימה דערװעגנדיק, אַז זייער אײַנגעשפּאַרטן זון מיט זײַן כּלה איז גאָרנישט ניט געשען, ניט אויף דער װײַטער נסיעה און

ניט דורך דעם סם, וואָס מע האָט פאַר זיי צוגע־
גרייט אין וואָגן און אין די מלבושים.

דער מלך מיט דער מלכּה זײַנען געווען
שלעכטע, פאַרבּיסענע לײַט און ניט געקענט דעם
זון זייערן מוחל זײַן דאָס, וואָס ער האָט ניט גע־
וואָלט חתונה האָבן פאַר דער טאָכטער פון זייער
שכן דעם קיניג, נײַערט געבּראַכט זיך אַ כּלה
פון מרחקים.

סע האָבן ניט געהאָלפן די רייד פון זייער
שיינעם באַחנטן בּן־יחיד און ניט די טרערן פון
דער וווּנדערלעכער ליכטיקער בּת־מלכּה.

•

אין דער צײַט פון בּין־השמשות האָט דער
אַלטיטשקער בּשתיקה אַרײַנגעכאַפּט זיך אין
קיניגלעכן מירמלשלאָס.

גראָד האָט מען באַלייט דאָס יונגע פּאָרל
אין דער פּרעכטיקער שלאָפשטוב אַרײַן.

מידע פון דער חײַטער אײַנשטעלערישער
נסיעה, זײַנען זיי אין גיכן אַנטשלאָפן געוואָרן.

דער אַלטיטשקער האָט אפילו קיין דרימל
ניט געטאָן. אַרום חצות האָט ער געהערט אַ גע־
זשום און אַ גרויליק הודזשען און באַלד איז

אָנגעקומען דער זיבנקעפּיקער דראַך, דער מלאך־
מָוֶת פון יונגן פּאָר.

מיט אימפּעט האָט דער זקן ארויסגעצויגן
זײַן שווערד פון דער שייד און ווי דער דראַך
האָט אויסגעשטרעקט זײַן האַלדז, האָט ער אים
מיט איין קלאַפּ אָפּגעהאַקט אַלע זיבן קעפּ.

א טראָפּן בלוט פון דער צעמזיקטער שלאַנג
האָט אײַנגעשפּריצט דאָס פּנים פון דער כּלה.
דער אַלטיטשקער האָט דאָס אין דער גיך גע־
וואָלט אָפּווישן. אָבער גראָד אין דער דאָזיקער
רגע — ווײַס דער ניט גוטער ווי דאָס איז געשען —
האָט זיך דער בן־מלך פּלוצים אויפגעכאַפּט און
באַמערקט, ווי דער זקן גלעט די באַקן פון דער
געליבטער כּלה זײַנער. איז דער בן־מלך געוואָרן
מלא־רציחה און גענומען פּײַערן:

— איצטער איז איבער געגוג, אַלטיטשקערנ
א סך שאָדן האָסטו מיר אָנגעמאַכט: פֿאַרבּרענט
אונדזער קאָסטבאַרן חתונה־וואָגן, אונדזערע
טײַערע חופּה־קליידער. איך האָב דיר דאָס אַלץ
פֿאַרגעבן, געדענקענדיק די טובות, וואָס דו
האָסט מיט אונדז געטאָן. אָבער איצט וואַרפסטו

נעצן אויף מײַן יונגער געליבטער פרוי — דאָס קען איך דיר באַין-אופן ניט פארשווײַגן!

און תּיכּף אויפן אָרט האָט דער מלך געלאָזט צונויפרופן די קיניגלעכע ראָטהארן און זיי האָבן ארויסגעגעבן אַ פּסק-דין: דעם אלטן אויפצו-הענגען.

האָט דער זקן אויפגעהויבן זײַן קול און אזוי געזאָגט:

— איך בין גרייט צו דער תּליה. שטראָפט מיך, אויב איר מיינט, אז איך האָב פארדינט דעם טויט. אָבער איידער איך וועל שטיין פאר דעם אמתן ריכטער פון דער וועלט, לאָזט מיר דער-ציילן, פאר וואָס איך האָב געטאָן די דרײַ מכּלומרשטע פארברעכנס; און צוליב וואָס איך האָב די יונגע מלכּה געגלעט. ניט קיין בייזע כּוונה, ניט קיין אומריינע מחשבה האָט מיך צו דעם געפירט. אָבער דו, בן-מלך, האָסט דײַן צו-זאָג ניט געהאלטן. וועסטו פאר דעם חטא מוזן זיבן יאָר לײַדן און אָפּקומען פאר דײַנע שווערע זינד, ביז דײַן נשמה וועט אין גאנצן זײַן אויס-געפּילט פון תּשובה און חרטה!

— איך גיב דיר רשות צו ריידן! — האָט דער

בן־מלך געענטפערט: — דו האָסט מיר געטאָן אַזוי פיל גוטס, ווייל איך דיר דײַן לעצטע בַקָשה ניט אָפּזאָגן.

האָט דער זקן גענומען דערציילן, וואָס די שוואַנען אויפן שיף האָבן צווישן זיך גערעדט; און ווען ער איז געקומען צו די רייד פונעם ערשטן שוואַן: „ווער ס׳וועט דאָס זאָגן, וועט ביז צו די קני ווערן אַ זײַל", איז דער אַלטיטשקער ביז צו די קני פאַרשטיינערט געוואָרן.

דאָס דערזען, האָט זיך דער בן־מלך זייער דערשראָקן, אָנגעהויבן זיך מַשער צו זײַן דעם סוד פון דעם אַלטנס רעטענישפולע מַעשים.

האָט ער בײַ אים געבעטן:

— טײַערער זיידעשי, רייד ניט ווײַטער, איך האָב דיר אַלץ פאַרגעבן!

אָבער דער זקן האָט שוין ניט געוואָלט שווײַגן:

— דײַן וואָרט האָסטו געבראָכן. צו שפּעט האָסטו זיך גענומען מיַשב זײַן. איך וויל איצטער אַלץ זאָגן, וואָס איך האָב צו זאָגן, און דו, זע, ווי אַזוי דו וועסט אָפּקומען פאַר דײַן ניט אײַנהאַלטן דעם תקיעת־כַּף!

און ער האָט דערציילט, וואָס דער צווייטער שוואָן האָט געזאָגט:

און ווי דער אַלטער איז געקומען צו די ווערטער: —„ווער ס'וועט דאָס הערן און אויסזאָגן, וועט ביז צום גאַרטל פאַרשטיינערט ווערן",— איז פונעם אַלטן ביז צום גאַרטל זיינעם געוואָרן אַ שטיינערנע זייל.

דער בן-מלך האָט זיך נאָך מער דערשראָקן. פאַר אים איז איצטער שוין קיין שום ספק ניט געווען, אַז זיין פאָטער און מוטער זיינען אים דם-שונאים און אַז זיין איינציקער אמתער פריינד איז דער אומגליקלעכער זקן.

האָט דער בן-מלך גענומען שטאַרק וויינען. געגאָסן מיט באַכן טרערן, אַזוי אַז ס'וואָלט שיר ניט געקלעקט צו טרייבן אַ מילראַד, און ביים אַלטיטשקן הייס געבעטן:

— הער אויף, דערצייל ניט ווייטער!

אָבער דער זקן האָט געוואָלט שוין אַלץ אנטפלעקן און דערציילט די רייד פונעם דריטן שוואָן; און ווי אַזוי ער איז אריין אין מירמל-שלאָס, דאָרט געוואַרט ביז חצות און בעת ער

האָט אַראָפּגעהאַקט די זיבן קעפּ פונעם דראַך,
איז אַ טראָפּן בלוט אַרויף אויף דעם ליכטיק
שיינעם פּנים פון דער מלכּה. האָט ער דעם פלעק
געגומ׳ן אָפּווישן.

אַרויסגעזאָגט די אַ רייד, איז פון דעם זקן
אויפן אָרט געוואָרן אַ שטיינערנע זייל.

*

דער בן־מלך האָט געקלאָגט און געוויינט,
זיך ביז גאָר מצער געווען.

אויף דאָס גאַנצע פאָלק האָט מיט אים
געהאַט גרויס רחמנות.

זיינע עלטערן האָט ער געלאָזט פאַרשפאַרן
אין אַ קלויסטער. וואָרעם אַ קיניג, וואָס איז אַזאַ
פאַרשטיינערטער אַכזר, אַז ער האָט ניט קיין
חס אויף זיין אייגן בלוט און פלייש, אויף זיין
בן־יחיד, אויף זיין יונגעטשקער שנור, ווי אַזוי
קען אַזאַ איינער גוט זיין צו זיין פאָלק? אַזאַ
מלך איז ניט ראוי צו קיניגן.

זיבן יאָר, אַ גאַנצע שמיטה, האָט ער באַ־
דינט דעם טויט פון דעם איידעלן זקן. אַזוי ווי
גאָט האָט געגעבן דעם טאָג, איז ער אַוועק צו

דער שטײנערנער זײַל, דאָרט תּשובֿה געטאָן און געבעטן בײַם אַלטיטשקן מחילה.

זײַן װײַב, די יונגע קופּער־מלכּה, האָט באַקומען אַ בן־זכר.

װען דאָס ייִנגעלע איז אונטערגעװאַקסן, האָט אים דער פֿאָטער מיטגענומען צו דער שטײנערנער זײַל און מיט טרערן אים דערציילט װעגן דער גרױסער זינד, װאָס ער האָט געטאָן, און דעם ייִנגעלע זײַנעם כּסדר אײַנגעשאַרפֿט:

— „אין דער גיך און אומבאַרעכנט זאָלסטו קײן מאָל ניט מישפּטן!"

*

אַזױ זײַנען אַריבער זיבן לאַנגע יאָר.

אײן מאָל, װען דער קיניג איז װידער געשטאַנען פֿאַר דער שטײנערנער זײַל און דאָרט אױסגעגאָסן זײַן ביטער האַרץ און זײַן זון געלערנט װי זיך צו פֿירן יושרדיק און גערעכט — האָט דער זון זיך אַ קלאַפּ געטאָן ביז בלוט און מיט זײַן בלוט אײַנגעטריפֿט די זײַל.

פּלוצים — זײַן ליבער נאָמען װײס, װי דאָס איז געשען — האָט דער שטײן זיך אױפֿגעהױבן

אין דער הייך און דער זקן האָט גענומען ריידן אַזוי צו זאָגן:

— הער זיך איַין, מיַין שיינער בן־מלך! וויַיל דו ביסט אַזוי געטריַי און האָסט עד־היום ניט פאַרגעסן די טובות, וואָס כ׳האָב דיר געטאָן און ביסט דאָ געקומען צו מיר טאָג ביַי טאָג און מיך באַזוכט — בענטש איך דיך דערפאַר. איך, וואָס ביז היַינט בין איך געוועזן אַ מלאך! — זאָל גאָט דיר געבן ברכה און הצלחה. זאָלסט קיין מאָל ניט וויסן פון קיין שום צַער און קיינער זאָל דיר ניט קענען קיין שלעכטס טאָן. לעב אין גליקן מיט מיר וועסטו דאָ שוין ניט קענען מער ריידן. אָבער אַז דו וועסט זיך נאָך מיר פאַרבענקען, דאַן גיי אַרויס אין דער פרי, אין דער צייַט פון דער זריחָה, וועסטו מיך זען אויף דער מיזרח־זיַיט פונעם הימל.

געענדיקט די דאָזיקע זאָג, איז דער אַל־טיטשקער אַרויף אויפן הימל.

צו מאָרגנס אין בלאָלעכן באַגינען האָט דאָרט געגלאַנצט אַ בלישטשענדיקער שטערן, דער סאַמע ליכטיקסטער צווישן די שטערן, וואָס אויף דער מזרח־זיַיט פונעם הימל.

אויב דו גלויבסט ניט, חבר, גיי ארויס איז דער פרי, וועסטו אים זען, ווי ער בליאסקעט דאָרט יעדן קאַיאָר.

דער בן־מלך האָט געלעבט א סך יאָרן בשלום און בשלווה צוזאַמען מיט זיין מלכה, דער קופּער־קיניגין; און אויב זיי זיינען נאָך ניט געשטאָרבן, לעבן זיי ביז אויפן היינטיקן טאָג.

## דער ווייץ און דער הירזש.

א געבונדענעם אין גאַרבן האָט מען דעם ווייץ געפירט אין שפּייכער אריין.

באַגעגנט אים דער הירזש, וואָס מע האָט אים גראָד געטראָגן אויפן פעלד ארויס צום זייען.

שמייכלט דער הירזש:

— א קאָפּעטשקע אימפּעטיקער, ווייץ! זע, זאָלסט וואָס גיכער געדראָשן ווערן; וואָרום אָט באַלד וועל איך קומען לאָזן זיך דרעשן!

ענטפערט דער ווייץ:

— ווייס איך וואָס! דיך פירט מען ערשט אַוועק צום זייען, און איך קום שוין אין שפּעטער הערבּסט, ווי ווילסטו מיך דעריאָגן?!

אָבער ביז מע האָט באַוויזן דעם ווייץ צו דרעשן, איז דערווייל דער הירזש צעפּיקט געוואָרן און מע האָט אים געבּראַכט אין שפּעטער אַריין צום דרעשן.

האָט ער אַ פריילעכער זיך אָנגערופן:

— האָב איך דיר ניט תּיכּף געזאָגט, אַז איך וועל דיך דעריאָגן?

פאַר גרויס כּעס איז דער ווייץ צעשפּרונגען געוואָרן און ביז אויפן הײַנטיקן טאָג איז ער דעריבער אַ צעשפּרונגענער.

# דער האָז.

אין אָנהייב איז דער האָז געווען אַ קינד. האָבן די מענטשן אים אָנגעטאָן ביטערע צָרות און כּסדר געמאַכט חוזק פון זײַנע אויסטערליש־לאַנגע אויערן.

איז ער אַנטלאָפן פונעם ישוב און זינט יעמלט לעבט ער פאַר זיך אין פעלד, אָפּגע־זונדערט ווי אַ פּרוש.

דערזעט ער עמעצן, פאַרלייגט ער אין דער גיך די אויערן אויף די פּלייצעס.

דערהערט ער עמעצן שרײַען, מיינט ער, אַז דאָס רעדט מען וועגן זײַנע משונה־לאַנגע אויערן־לעפּלעך.

קיין עק האָט דער האָז ניט, מחמת פריער האָט ער אויך קיין עק ניט געהאַט.

# אינהאַלט:



---